שול-ביבליאָטעק

# אין ערגעץ-לאַנד

(מעשהלעך וועגן אַרבעט און שאַפן)



אַרויסגעגעבן פון דער
צווישאָ און שלום עליכם שולן

בוענאָס איירעס
1949



שול-ביבליאטעק

סעריע I נום. 1



# אין ערגעץ-לאַנד

(מעשהלעך וועגן אַרבעט און שאַפן)

ארויסגעגעבן פון דער

צווישאַ און שלום עליכם שולן

בוענאס איירעס 1949

# אינהאַלט:






נעזאמלטער לייען - מאַטעריאַל
צוגעגרייט צום דרוק פון
חיים פינקעלשטיין
און קעהאַט קלינער

# צו די לערער

„אין ערנעץ־לאַנד" איז אַ נייַע סעריע זאַמל־העפטן, וואָס דער פאַרלאַג „שול־ביבליאָטעק" ביי דער צווישאָ גיט אַרויס. די ערשטע זאַמל־העפטן פון דעם פאַרלאַג האָבן געפונען זייער אַ וואַרעמען אָפּרוף אין אַלע יידישע שולן, צווישן די לערער און תלמידים, און נאָך באַזונדערס צווישן דער יידיש־לייענעדיקער יוגנט, וואָס האָט אין זיי געפונען אַ שלל מיט אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן פון די בעסטע שאַפונגען פון דער יידישער ליטעראַטור.

דער דאָזיקער זאַמל־העפט, ווי דער ערשטער, אונטערן נאָמען „ליבע און חברשאַפט" פון דער סעריע „אַרבעט און שאַפן" זענען פאַרגעזען פאַר קינדער פון די יינגערע קלאַסן. דער צוועק איז צו געבן די קינדער פאַסיקן לייען־שטאָף אין הסכם מיט דעם לערן־פּראָגראַם פון דער שלום עליכם־שול און מיט די לימודים אין די מערסטע יידישע שולן. דאָס פאַרלייכטערט די אַרבעט פון די לערער און גיט אַ מעגלעכקייט, אַז די קינדער זאָלן פון דער פריסטער יוגנט צוגעוווינט ווערן צו לייענען און זאָלן אַזוי אַרום, דורך ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפונגען, אַריינגעוואַקסן ווערן אין די פּרדים פון דער עכטער יידישער קולטור.

הגם די טעמאַטיק איז אַן אייגנהייטלעכע, אין הסכם מיט דער קאָנצעפּטישער שול־פּראָגראַם, זענען אָבער די מעשהלעך, לידער און דערציילונגען גענומען געוואָרן פון פאַרשיידענע קוואַלן,–סיי פון דער אַלטער יידישער אגדה און סיי פון די מאָדערנע יידישע שרייבער. די כוונה דערפון איז אַ קלאָרע און איז אין הסכם מיטן דערציערישן פּרינציפּ פון דער צווישאָ, צו אַנטוויקלען ביי די קינדער דעם באַגריף און פאַרשטענדעניש וועגן דער גאַנצקייט און המשכדיקייט פון דער יידישער קולטור.

די דערפֿאָרונג האָט באַוויזן, אַז די ביז איצט דערשינענע זאַמל־העפֿטן פֿון אונדזער פֿאַרלאַג, האָבן געדינט נישט בלויז, ווי אַ מאַטעריאַל פֿאַר פֿרייע לעקטור אין דער היים, נאָר אויך ווי אַ באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע פֿאַרן יידיש לימוד ספּעציעל אין די העכערע קלאַסן פֿון כמעט אַלע יידישע שולן אין לאַנד און אין אַ גרויסער מאָס אויך אין פֿאַרשיידענע שכונהדיקע ישובים.

ביי דעם מאַנגל אין צוגעפּאַסטע לערנביכער פֿאַר אונדזערע שולן; אין דער נישטווענדיקייט אין כרעסטאָמאַטיעס און ליטעראַרישע אנטאָלאָגיעס, וואָס זאָלן דינען ווי האַנטביכער פֿאַר אונדזערע תּלמידים, דערפֿילן אונדזערע אויסגאַבעס פֿון דער „שול־ביבליאָטעק" אַ צווייפֿאַכע ראָל און פֿילן דעריבער אויס אַ גרויסן און וויכטיקן בלויז אין דער הייניקער יידישער שול־ווירקלעכקייט אין אַרגענטינע.

דערפֿאַר מאַכט האָט דער פֿאַרלאַג איצט אויסגעברייטערט די צאָל סעריעס, וואָס וועלן סיסטעמאַטיש דערשיינען, און וועלן, לכל, באַרייכערן די יידישע ליטעראַטור פֿאַר קינדער און יוגנט מיט וויכטיקע אויסגאַבעס, און וועלן דורך דעם מאַכן פֿולער און נאָרמאַלער די אַרבעט אין און אַרום דער יידישער שול.

די רעדאַקציע

# דאָס ליד פון ברויט



פאַר די הענטלעך אין די ריננעז,
שיינע קליינע קינדער זיננען:
וואָלקן, וואָלקן גיב אַ רעגן
פאַר די קליינע קינדערס וועגן!

ווייזט אַ וואָלקן זיך פון אויבן,
נעמען זיך די פעלדער שטויבן,
און אַ רעגן — פערל־רייז,
טריף־טראָפּ, טריף־טראָפּ, — הייבט אָן גייז.

נעמען פעלדער זיך צעשפרייטן,
ווייך צעאַקערטע אין בייטן;
ווערן גרינע קאָרן־זאַנגען
פון די בייטן אויפגעגאַנגען;

נעמט אַ טוי אויף זיי באַלד פאַלן,
וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלן,

ווערן פעלדער גאָל ווי גאָלד,
פול מיט קאָרן, קאָרן־גאָלד.

נעמען פולע פורן פאָרן,
פורן פאָרן, פירן קאָרן,
דורך די בערג און דורך די טאָלן,
אין די מילן דאָס צו מאָלן;

הייבן אָן די ווינטן וויען
אין די מילן־פלינלען דרייען,
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פון דעם קאָרן ווייסן מעל.

קנעט דער בעקער מעל מיט הייוון
און פאַרהייצט זיין גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פייער, שיטלעך קנאַקן,
נעמט דאָס ברויט זיך בעסער באַקן.

קויפן מאַמעס ברויט דעם פרישן
און דערלאַנגען אויף די טישן;
עסן קינדער פרישן ברויט,
זענען זיי געזונט און רויט.

# אין ערנעץ־לאנד

---

הינטער דער שטאט, אויף א בערגל א ליימיקן, שטייען גלייך ווי צונויפגעוואקסענע, צוויי קליינע הייזלעך. אין איין הייזל האט געוווינט א האלץ־העקער, וואס פלעגט א גאנצן זומער־טאג — און די מעשה איז געווען זומער — שפאלטן האלץ אין די הויפן, — מיט א ווייב א לעקער־בעקערן, וואס פלעגט ארומגיין אין די רייכע הייזער און באקן לעקעך.

דאס צווייטע פאר־פאלק איז אויך געווען פארנומען אין שטאט; ער איז געווען א טרעגער, וואס איז געשטאנען א גאנצן טאג אין מארק, און אפגעוואַרט, מע זאל אים צורופן פון א געוועלב און הייסן ערגעץ אפטראגן סחורה, און זי, — זי איז, נישט פאר אייך, קינדערלעך, געדאכט, א קראנקע געווען און דעמאלט געלעגן אין שפיטאל.

איין מאל, אינדערפרי, א שיינער זומער־טאג געווען, די עלטערע פון די הייזלעך זענען שוין לאנג אין שטאט, קומט ארויס פון איין הייזל איציקל, קוקט זיך ארום אין אלע זייטן, צי איז שוין שיינדעלע נישט ארויסגעקומען, און זעענדיק אז נישט, גייט ער צו איר פענצטערל צו און קוקט אריין: זעט ער, אז שיינדעלע, נאך נישט איינגאנצן אנגעטון, שטייט ביים שיסל וואסער, זי דארף זיך וואשן, האט שוין איינגעבויגן דאס קעפל און האלט זיך אט, מן־הסתם קיל וואסער געווען.

פויקט ער, איציקל, אין שייבל פון פענצטער אריין:

— שיינדעלע!

— וואס, איציקל?

— וואש זיך אט געשווינדער, טו זיך אן און קום ארויס, מיר וועלן עפעס טון.

— וואס?

— ווערסט שוין זען, עס איז מיר עפּעס איינגעפאַלן... נאָר גיך־שווינד, שיינדעלע...

— ווי דו הייסט, — ענטפערט שיינדעלע און הייבט זיך אָן פליעסקען אין וואַסער.

אַז שיינדעלע איז אַרויסגעקומען פאַר דער טיר, איז שוין אַ גרויסע זון געווען. פאַרלייגט זי דאָס פלאַכע הענטל אויף די אויגן און הייבט דאָס קעפּל אויף און דערזעט: איציקל איז אויפן שפּיץ פון ליימיקן בערגל. פיל פון בוינן איז זי צו אים צוגעלאָפן:

— אוי, איציקל, זאָלסט זען, ווי דיינע שוואַרצע האָר שעמע־רירן אויף דער זון, גלאַנצן שלאַנגען פון זיי!

הייבט צו איר איציקל, וואָס איז אויפן ליים געלעגן, די אויגן אויף.

— און פון דיינע — זאָגט ער — פליען פונקען...

— ווייל מיינע — זאָגט שיינדעלע — זענען רויט...

— פלאַמענדיקע...

— אָבער וואָס טוסטו, איציקל?

זי באַמערקט ערשט, אַז איציקל גראָבט אינעם ליים.

— דאָס, — ענטפערט איציקל, דאָס גראָבן נישט איבערייסנ־דיק, — איז דאָך די אַרבעט, פון וועלכער איך האָב דיר געזאָגט...

— וואָס האָסטו געזאָגט? וואָס איז דיר איינגעפאַלן?

—יאָ, שיינדעלע, פאַר ליים צאָלט מען אין שטאָט געלט; פאַר אַ מולטער ליים גיט מען אַ צוויער, אַ דרייער. איז מיר איינגע־פאַלן, אַז מיר זאָלן גראָבן ליים.

— איך אויך?

— דו אויך, שיינדעלע!... דאָס ליים וועלן מיר פאַרקויפן אין שטאָט, און פאַר דעם געלט עפּעס קויפן פאַר דיין מאַמעס וועגן, אין שפּיטאָל אַריין.

— אוי, סארא גוטער דו ביסט, איציקל, — שרייט אויס שיינ־דעלע און װארפט זיך צו איציקלען קושן, — אוי װי ליב האב איך דיך!

— שפעטער, שפעטער, — װערט זיך איציקל — פריער אר־בעטן, גלעט פארדינען, עפעס קויפן, דער מאמען דיינער אריינ־טראגן און פריער זי קושן...

---

— אמת, אמת! — איז מודה שיינדעלע און לאזט די פינגער־לעך אין ליים אריין...

צעלאכט זיך איציקל:

— הע, שיינדעלע, נישט פאר דיינע פינגערלעך. דראפעסט מיט די נעגעלעך, װי א קעצל... לאז געמאך!

— ניין, ניין... אז דו ארבעטסט װיל איך אויך...

— כ׳מיין נישט זאלסט ליידיק גיין. גאט באהיט! נאר װייסטו װאס, דו ברענג ארויס א מולטערל; איך װעל גראבן און דו װעסט צוזאמענכעמען און שיטן אין מולטערל אריין... דערנאך װעל איך אװעקטראגן אין שטאט אריין...

— ניין, איציקל, איך װעל אויך טראגן, איך װיל...

— װעסט מיר העלפן, שיינדעלע...

— גוט! — לאכט שיינדעלע און ברענגט ארויס א מולטערל.

איציקל, קיין בייז אויג, גראבט װי א דערװאקסענער. שיינ־דעלע קװעלט פון זיין שטארקייט און זאמלט דאס ליים... קוקט אויף איציקלס הענט און זאמלט און שרייט נאך א צייט אויס:

— איציקל, פול!

כאפט איציקל דאס מולטערל אויף די אקסל.

— האלט אונטער, שיינדעלע!

שיינדעלע האלט אונטער, און זיי לאזן זיך ביידע פון לייטיקן בערגל אראפ. באלד אונטערן בערגל, זעען זיי, זיצט עמעץ, שטעלן זיי זיך אפ, באטראכטן. עפעס א יונגער מענטש אין א פעלערינע,

אין אַ גרויסן קאַפּעליוש מיט ברייטע, ברייטע ראַנדן, וואָס פאַר־שטעלן אים דאָס פּנים. די קינדער זעען דאָ אַזאַ פיגור צום ערשטן מאָל.

— כ'האָב מורא! — שטעלט זיך שיינדעלע אָפּ.

— ע, וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? איך וועל צו אים צוגיין.

— אַז דו וועסט צוגיין, גיי איך אויך... כ'וועל דיך אַליין נישט לאָזן...

ליינט איציקל אָפּ די לאַסט פון די אַקסל און גייט צו צום יונגנמאַן און דערלאַנגט אים אַ ברייטן „שלום עליכם".

דער יונגערמאַן וועקט זיך ווי פון אַ דרימל...

— אַ, שלום עליכם!... אי — צוויי קינדערלעך...

— זייט מוחל, כ'האָב אייך געוועקט?

— עם, אביסל געדרימלט, מיד פון וועג...

— פון ווייט? — פרעגט איציקל.

ווערט שוין שיינדעלע האַפעדריק:

— איר דאַרפט אין שטאָט אַריין, וועלן מיר אייך ווייזן...

— מיר טראָגן, — זאָגט איציקל שטאָלץ, — לייט אין שטאָט אַריין.

נאָך וואָס?

— געלט פאַרדינען. — זאָגט איציקל.

— פאַר מיין מאַמען אין שפּיטאָל אַריין עפּעס קויפן... — פירט אויס שיינדעלע און גיט צו, אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויף אי־ציקלס אַקסל:

— ער איז אַ שטאַרקער!... גראַבט מיט די הענט לייט! און באַלד וועט איר זען, ווי ער גיט אַ הייב אויף די מולטער און טראָגט דאָס לייט...

זאָגט דער פרעמדער: נאַרישקייטן!

— איך גיי דעריבער נישט אין אייער שטאָט אַריין, ווייל מען אַרבעט דאָרט...

איציקל מאַכט אַ נישט גלויביקע גרימאַסע: שיינדעלעם אויגעלעך פלאַמען אָבער נײַגעריק אויף:

— וווּהין דען? וווּ מען אַרבעט נישט? אַפילו עלטערע? ווי קיינער אַרבעט נישט?

— קיינער! — שנײַדט אָפּ דער פּרעמדער.

איציקל שמייכלט נישט-גלויביק.

— איר ווילט זען? קומט מיט מיר, — זאָגט דער פרעמדער.

— וווּהין? —

— קיין „ערגעץ"...

— אַזאַ שטאָט?

— אַזאַ לאַנד.

— ווי הייסט?

— דאָס גאַנצע לאַנד, — פאַרציילט דער פרעמדער, — דאָס גאַנצע לאַנד, וווּהין איך. גיי און קען איך מיטנעמען, איז איין גאָרטן. אַ גאָרטן אָן אַ גרענעץ, אָן אַ ברעג... אין דאָרטן וואַקסן גרייט אַלערליי פרוכטן...

— רייסט מען?

— ניין... רייסן איז אויך אָן אַרבעט. מע גייט נאָר צו: „בוים, בוים, גיב אַ פרוכט!" — בייגט דער בוים צו אַ צווייג צום מויל, מיט אָן עפּל, מיט אַ באַרנע, מיט אָן אַפּעלסין, מיט וואָס איר ווילט...

— בײַסט מען אָפּ?

— ניין... בײַסן איז אויך אָן אַרבעט. מע גיט אַ שלונג, און די פרוכטן זענען דאָרט אַזוינע, אַז זיי צעגייען זיך אַליין אין מויל...

—נאָר פרוכטן? — פרעגט איציקל, אין דער זאַך שוין אַביסל אַרײַנגעצויגן.

— ברויט אויך, זעמל אויך: אויף נידעריקע ביימלעך וואַקסן זיי, שוין געבאַקענע און זיסע, סאַמע קוכיש-ברויט... און בלומען אויך...

— שטענדיק, — פרעגט שיינדעלע, — סיי זומער, סיי ווינ־טער?

דער פרעמדער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— סיידן אין ספעקטן? — מיינט איציקל.

— ניין! — זאָגט דער פרעמדער, — דאָרט איז קיין ווינטער גאָרנישט פאַראַן... קיין שניי און קיין רעגן נישט. שטענדיק אַ לויטערער הימל איבערן קאָפּ און שטענדיק פרישע בלומען... און ס׳איז ביי זיי קיין גערטנער נישטאָ. מע דאַרף זיי נישט באַגיסן, מע דאַרף זיי נישט האָדעווען; זיי וואַקסן אויף און צעגיסן זייער ריח איבערן גאַנצן לאַנד...

— און מענטשן וואָס טוען? — פרעגט איציקל.

— גאָרנישט. ליגן אין שאָטן פון ביימער. אויף געלעגערס פון אַלערליי פאַרביקע און שמעקעדיקע בלומען, און האָבן תענוג. און ווערט מען הונגעריק, זאָגט מען: טיש, טיש... ווי איך האָב אייך דערציילט...

איציקל פאַרטראַכט זיך עפּעס; מע זעט אין דעם שטערן, אַז דאָס מוח אינעווייניק אַרבעט:

— עפּעס אַ כישוף, — מאַכט שיינדעלע, — אַ צויבער־לאַנד...

— ערגעץ־לאַנד, — זאָגט דער פרעמדער. — קומט, קינדערלעך אין ערגעץ־לאַנד...

און ער הייבט זיך אויף צו גיין.

— ס׳איז ווייט? — פרעגט שיינדעלע.

— איך גיי נישט! — שרייט פלוצלינג אויס איציקל, און מורא האָבנדיק טאָמער טראָגן אים די פיס אליין אַוועק, גיט ער זיך האַסטיק אַ זעץ אַנידער אין באַסט און כאַפּט מיט אַ האַנט אַ צווייג פון פאַרטריקנטן ביימל, אונטער וועלכן דער פרעמדער איז געזעסן.

— פאַרוואָס? פרעגט דער פרעמדער.

— וואָס וועל איך דאָרטן טון? — פרעגט איציקל צוריק.

— פאַרגעניגן האָבן! — זאָגט דער פרעמדער, — ליגן אויף די בלומען, עסן, טרינקען...

— און שפּעטער?

— ווייטער ליגן...

— נאַריש!

— אָבער נישט אַרבעטן...

— ניין! — ענטפערט פּעטט איציקל, — איך וואָלט משוגע געוואָרן פונעם ליידיק־גייַן... ווי קאָן מען עס ליגן?...

— גייט מען שפּאַצירן...

— אויך מיר אַ גאַנג... ניין! — און דעם קליינעם איציקלס שטים ווערט עפּעס, ווי אַ שמאָלענע, שטאַרק, — איך גיי נישט!

און די שטים ברעכט זיך באַלד איבער און ווערט אומרויִק־ציטערנדיק:

— און דו, שיינדעלע?

שיינדעלע טראַכט נישט לאַנג, זעצט זיך צו צו איציקלען, ציט זיך אויס און לייגט איר גאָלדן קעפּל אויף זיינע קניען און קוקט אים מיט אירע געטרייַע אייגעלעך אין פּנים אַריין:

— אַז דו — נישט, איך — אויך נישט...

דער פרעמדער ציט מיט די אַקסל און גייט זיין וועג. לאַנג־לאַנג האָט אים איציקל נאָכגעקוקט, ביז יענער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. און דעמאָלט האָט ער זיך איבערגעביטן איבער שיינ־דעלען:

— ווייסטו שיינדעלע, — פרעגט ער — ווער דאָס איז געווען?

און ענטפערט אַליין:

— דער יצר־הרע פון ליידיק־גייַן...

שיינדעלע, וואָס האָט שוין געהאַט געדרימלט, האָט דער־הערט און די אייגן געעפנט:

— אמת! און מיך, איציקל, אַז דיר וואָלט ער פאַרפירט, און איך דאַנק דיר דערפאַר...

— און קום, — שפּרינגט זי אויף, — לאָמיר גיין מיטן מיל־טערל ליים.

און זיי האָבן אַזוי געטאָן.

# דעם פאַסטעכס טאָכטער

מיין באָבע מענהם כסדר, אַז יעדער מענטש דאַרף קענען אַ מלאכה, אין מלאכה איז מזל-ברכה.

אַמאָל, ביים טיש, זאָגט צו מיר מיין באָבע:

— „דו ווילסט זיין אַ שרייבער? אפשר ביסטו אַ שרייבער. אָבער דו דאַרפסט זיך אויסלערנען עפּעס אַן אַרבעט, וואָס זאָל ברענגען מענטשן נוצן. דאַרפסט מאַכן עפּעס פון לייס, צי פון האָלץ, צי פון מעטאַל, אָדער פון סחורה. עס איז נישט שיין, אַז אַ יונגער־מאַן ווי דו זאָל נישט קענען קיין מלאכה. זאָג, וואָס קענסטו? קענסטו אפשר מאַכן אַ טיש, אַ בענקל, אָדער אויסוועבן אַ טע־פּעך? נו, זאָג וואָס קענסטו טון?"

און די באָבע קוקט אויף מיר ברוגזלעך.

— „דו דאַרפסט זיך אויסלערנען מאַכן זאַכן, וואָס מע זאָל קענען זען, מע זאָל קענען אָנטאַפּן מיט די הענט, וואָס זאָל זיין נוציק".

און זי האָט זיך צערעדט:

— ס'איז אַמאָל געווען אַ קיניג, ביי די פּערסן. האָט ער געהאַט אַ זון, האָט זיך דאָס בחור'ל פאַרליבט אין אַ פּאַסטעכס אַ טאָכ־טער. איז ער געקומען צום פאָטער און זאָגט:

— „אדוני מלך! איך האָב ליב אַ פּאַסטעכס אַ טאָכטער און איך וויל זי נעמען פאַר אַ ווייב".

און דער קיניג האָט געזאָגט:

— „איך בין דער קיניג און דו ביסט מיין זון. אַז איך וועל שטאַרבן וועסטו ווערן דער קיניג, היינט ווי אַזוי קענסטו חתונה האָבן מיט אַ פּאַסטעכס אַ טאָכטער?"

— „אדוני מלך! איך ווייס נישט. איך ווייס נאָר, אַז איך האָב ליב דאָס מיידל און וויל מיט איר חתונה האָבן".

זעט דער קיניג אַז עס איז אַ גאַטזאַך. רופט ער אַריין זיינעם אַ מענטשן און זאָגט צו אים:

— „גיי צו דעם פאסטעכס טאכטער און זאג איר, אז מיין זון האט זי ליב און ער וויל זי זאל ווערן זיין כלה".

איז דער שליח אוועק צו דעם פאסטעכס טאכטער און ער זאגט איר, אז דעם קיניגס זון האט זי ליב און ער וויל, זי זאל ווערן זיין ווייב.

פרעגט דאס מיידל: „וואס פאר אן ארבעט טוט ער?"

ענטפערט דער שליח: „ער איז דעם קיניגס זון. ער טוט נישט קיין שום ארבעט".

האט דאס מיידל געזאגט: „ער מוז זיך אויסלערנען א מלאכה, אויב ער וויל איך זאל מיט אים חתונה האבן".

האט זיך דער שליח אומגעקערט צום קיניג און איבערגערעדט די רייד פון דעם מיידל.

זאגט דער קיניג צו זיין זון: „דעם פאסטעכס טאכטער וויל, אז דו זאלסט זיך לערנען אן ארבעט. ווילסט נאך אלץ מיט איר חתונה האבן?"

און דער זון האט געענטפערט: „יא. איך וויל זיך אויסלערנען פלעכטן שטרויענע טעפעכער".

און מען האט דעם בחור געלערנט פלעכטן שטרויענע טעפעכער פון אלערליי קאלירן, געצירט מיט אלערליי באפוצונגען און פיגורן, און אין דריי טעג ציים האט ער געקענט פלעכטן פון שטרוי די שענסטע טעפעכער.

און דעם קיניגס שליח האט זיך אומגעקערט צום פאסטעכס טאכטער און איר געוויזן וואס דער פרינץ קען טון.

און דאס מיידל איז אוועק מיטן שליח צום קיניגס פאלאץ און חתונה געהאט מיטן קיניגס זון.

***

איין מאל, דערציילט ווייטער די באבע מיינע, האט דעם קיניגס זון שפאצירט איבער די גאסן פון באגדאד, ביז ער איז געקומען צו

אַן איינפאַר־הויז, וואָס האָט אויסגעזען זייער ריין און קיל. איז ער אריין אינעווייניק און זיך געזעצט לעבן אַ טיש.

און דאָס איינפאַר־הויז איז געווען אַן אָרט פון גנבים און גזלנים האָבן זיי גענומען דעם קיניגס זון, אים אריינגעוואָרפן אין אַ גרויסער תפיסה, ווו זיי האָבן געהאַלטן זייערע געפאַנגענע. די גנבים און גזלנים פלעגן הרגענען די פעטע געפאַנגענע און שפייזן מיט זיי די דאַרע און מאָגערע. דעם קיניגס זון איז געווען אַ מאָגערער און אַ דאַרער און קיינער האָט נישט געוווּסט ווער ער איז, האָבן זיי אים נאַרגיש געטאָן.

און דער פּרינץ זאָגט צו זיי: „איך קען פלעכטן שיינע שטרויענע טעפּעכער, וואָס זענען ווערט אַ סך געלט". האָבן זיי אים געבראַכט שטרוי און געהייסן פלעכטן.

און דריי טעג מיט דריי נעכט האָט ער געאַרבעט און אויסגעפלאָכטן דריי שיינע טעפּעכער.

— „נעמט", — זאָגט דער פּרינץ, — „די טעפּעכער און טראָגט זיי אַוועק צום פּערסישן קיניג, וועט ער אייך געבן פאַר זיי הונדערט גאָלדשטיק". האָבן די גזלנים גענומען די טעפּעכער, אַוועקגעטראָגן אין קיניגלעכן הויף. און אַז דער קיניג האָט דערזען די שטרויענע טעפּעכער, האָט ער דערקענט זיין זונס אַרבעט. ווייזט ער די טעפּעכער דער שנור, דעם פאַסטעכס טאָכטער, און ער זאָגט:

— „די טעפּעכער האָט מען געבראַכט צו מיר אין פּאַלאַץ, דאָס איז מיין זונס אַרבעט, ער איז שוין נישטאָ עטלעכע טעג!"

קוקט דעם פאַסטעכס טאָכטער זיך גוט איין אין יעדן טעפּעך באַזונדער. אין די באַצירונגען און באַפּוצונגען און אין די שיינע געמעלן איז געווען באַשריבן, אין דער פּערסישער שפּראַך, ווו איר מאַן געפינט זיך און זי דערציילט עס דעם קיניג

און דער קיניג האָט געשיקט באַוואָפנטע סאָלדאַטן צום אָרט ווו עס האָבן זיך געפינען די גנבים און גזלנים און מען האָט זיי אַלע אויסגעהרגעט און די געפאַנגענע באַפרייט. און דער פּרינץ האָט זיך בשלום אומגעקערט אין פּאַלאַץ צום קיניג און צו זיין ווייב, דעם פאַסטעכס טעכטערל.

און אַז דער פּרינץ איז אַריין אין פּאַלאַץ און דערזען זיין ווייב, האָט ער געקנים פאַר איר און אַרומגענומען איר׳ע פיס און געזאָגט:

— „ליבסטע מיינע, צוליב דיר און דיין חכמה בין איך איצט אַ לעבעדיקער. איך דאַנק דיר!״

און איצט איז דער קיניג געווען שטאַרק צופרידן מיט דעם פּאַסטעכס טאָכטער.

— „נו, — האָט די באָבע מיינע פאַרענדיקט, — דו זעסט שוין פאַרוואָס יעדער מענטש דאַרף קענען אַ מלאכה?״

— „יאָ, באָבע־לעבן, — האָב איך געזאָגט, — איך זע טאַקע אַז דו ביסט גערעכט. ווי נאָר כ׳וועל פאַרדינען אַביסל געלט, וועל איך קויפן אַ זעג, אַ הובל, אַ האַמער און אַביסל האָלץ און וועל מאַכן אַ שטול, אָדער אַ שאַפע פאַר ביכער״.



# וואָס קינדער ווילן זיין

אַז די קינדער זענען אַריינגעקומען אין קלאַס און זיך אויסגעזעצט אויף די ערטער, האָט דער לערער אַזוי געזאָגט:

— טרעפט, קינדער, וואָס מיר וועלן היינט טון?

די קינדער האָבן גענומען טרעפן:

— מיר וועלן שרייבן אויפן טאָוול.

— זינגען שיינע לידער.

— דער לערער וועט דערציילן אַ מעשהלע.

אויף אַלץ וואָס די קינדער האָבן געזאָגט האָט דער לערער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— נו, זאָל שוין דער לערער זאָגן, קינער ווייסט נישט, קיינער נישט. שווייגט שוין אַלע, שווייגט!

אין קלאַס איז געוואָרן זייער רואיק.

— קינדער, — האָט דער לערער געזאָגט, — יעדער פון אייך וועט אויפשרייבן וואָס ער וויל זיין, דערנאָך וועלן מיר עס אַלע הויך איבערלייענען אין קלאַס, — עס וועט זיין זייער אינטערעסאַנט.

אַלע האָבן זיך זייער געפרייט און געזאָגט:

— אוי, ווי גוט, ווי גוט!

באַלד איז געוואָרן שאַ־שטיל אין קלאַס, אַזוי ווי אַלע וואָלטן פּלוצים אַנטשלאָפן געוואָרן. אָבער קיינער איז נישט געשלאָפן, יעדער איז געזעסן פאַרטראַכט און געשריבן. ווער עס האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו שרייבן איז צוגעגאַנגען צום לערער, אים אָוועקגעגעבן דאָס באַשריבענע בלעטל און זיך צוריק געזעצט.

איינער האָט געפרעגט ביים צווייטן:

— וואָס האָסטו געשריבן?

—און דו, וואָס האָסטו געשריבן,.

אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט פריער אויסזאָגן.

אַז אַלע קינדער האָבן פאַרענדיקט שרייבן איז געוואָרן שטיל אין קלאַס. דער לערער האָט גענומען פאַרלייענען וואָס יעדער האָט געשריבן.

בערל שרייבט:

„איך וויל זיין אַ מאַטראָס און אויספאָרן די גאַנצע וועלט. כ'האָב אַזוי ליב צו פאָרן! קיין מאָל וועל איך נישט מיד ווערן! און אומעטום וועל איך מוזן זיין, ביי די מענטשן־פרעסערס — אויך: איך שרעק זיך גאָרנישט פאַר זיי".

איז געוואָרן אַ הורא אין קלאַס:

— גוט געשריבן, בערל, גוט געשריבן! ס'איז טאַקע גוט צו זיין אַ מאַטראָס — האָבן אַלע געטומלט.

נאָר אָט לייענט שוין דער לערער ווייטער.

דוד שרייבט:

„איך וויל זיין אַ גרויסער פידל־שפּילער, און מאַכן, אַז די מענטשן זאָלן נישט זיין אַזוי טרויעריק".

— פיין געשריבן, הודל! — האבן אלע אויסגערופן.

משהלע שרייבט:

„איך וויל קענען מאכן אזא גרויסע שטוב, אז אלע קינדער פון דער גאנצער וועלט, זאלן קענען לערנען צוזאמען. אוי, וואלט עס פריילעך געווען!"

שרהלע שרייבט:

„איך וויל זיין א גרויסע לערערין און אויסלערנען אלע מענטשן, אז זיי זאלן זיין גוטע".

עס איז נאך דא צו לייענען און צו לייענען. לייענט דער לערער ווייטער.

עליע שרייבט:

„איך וויל זיין א רייכער און געבן מיין טאטן א סך געלט, אז ער זאל נישט דארפן איפשטיין אזוי פרי. מיין טאטע שטייט אויף ווען די שטערן זענען נאך אין הימל".

מאטעלע שרייבט:

„איך וויל זיין א גרויסער דאקטער און מאכן, אז די מענטשן זאלן שוין מער נישט שטארבן, און די וואס זענען געשטארבן זאלן צוריק לעבעדיק ווערן, וועט מיין ברודערל אויך צוריק קומען אהיים".

שטענדיק אזא טרויעריקער איז ער, דער מאטעלע.

לייענט נאך אליין דער לערער.

מיכהלע שרייבט:

„איך וויל קענען מאכן טעלער און גלעזער, וואס זאלן נישט צעבראכן ווערן און אזעלכע שויבן אין די פענצטער, וואס ווערן קיין מאל נישט צעפלאצט, וועלן די מאמעס נישט זיין אין כעס אויף די קינדער".

לענגער פון אלע האט געשריבן חיימל:

„מיין טאטע שטייט אויף זייער פרי און צעטיילט אין די שטיבער ברויט. אז איך וועל זיין א גרויסער, וועל איך העלפן מיין טאטן. עס איז אזוי גוט צו צעטיילן ברויט! אלע מענטשן ליגן נאך אין די בעטן, קלאפט מען אן אין דער טיר:

— „ווער איז דאָרט?“

— „כ'האָב געבראַכט ברויט“, — ענטפֿערט מען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די מענטשן נישט געגעסן, זענען זיי הונגעריק, וועלן זיי זיך דערפֿרייען.

איבער אַלע גאַסן וועל איך גיין פֿון הויז צו הויז, קיין איין שטוב וועל איך נישט דורכלאָזן! וועל איך גיין אַט אַזוי מיט שווע־רע קוישן ברויט: אַלע, אַלע וועל איך ברענגען עסן, אַזוי ווי אַ גוטע מאַמע. וועלן אַלע מענטשן אַרבעטן און זיין צופֿרידן. איך וויל זיין אַ ברויט־צעטיילער“.

דער לערער האָט געזאָגט, אַז אַלע אַרבעטן זענען שיין אָנגע־שריבן.

די קינדער זענען געווען זייער גליקלעך! פֿריילעכע זענען זיי געלאָפֿן אַהיים צו דערציילן אַלעמען אין שטוב.

# דער חלום פֿון אַ שניידער

אַן אָרעם יתומל איז אַמאָל געקומען צו אַ שניידער און געבעטן:

— איך וויל ווערן אַ שניידער! אפֿשר וואָלט איר מיך אויסגעלערנט אייער מלאכה?

דער שניידער האָט דעם יינגל געפֿרעגט:

— וואָס האָסטו הײַנט די נאַכט געחלומט?

האָט דאָס יינגל געענטפֿערט:

— מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך בין פּלוצים געוואָרן אַ גרויסער גביר.

— קום מאָרגן! — האָט דער שניידער געזאָגט צום יתום, — איך קאָן דיך היינט נישט צונעמען.

דעם צווייטן טאָג איז דאָס יינגל ווידער געקומען.

— איך וויל ווערן אַ שניידער, — האָט ער ווידער געזאָגט.

האָט אים דער שניידער ווידער געפרעגט, וואָס פאַר אַ חלום עס האָט זיך אים געחלומט.

האָט דאָס יינגל דערציילט: — איך האָב געוואָנדערט אַ גאַנצע נאַכט און אונטערוועגנס געפונען אַן אוצר, אַ גרויסן טייסטער פול מיט גאָלדענע רענדלעך.

— איך קאָן מיט דיך היינט ווידער נישט אָנהייבן, קום מאָרגן.

אַזוי איז דאָס יינגל געקומען יעדן טאָג. דער שניידער האָט אַלץ געוואָלט וויסן, וואָס דעם יתומל האָט זיך געחלומט און אים אַלע מאָל אַהיים געשיקט און גע־הייסן קומען מאָרגן.

איין מאָל קומט דער יתום צו גיין און דערציילט דעם שניידער:

— נעכטן ביי נאַכט האָט זיך מיר געחלומט: איך בין געזעסן אויף אַ שניידעריש בענקעלע און אַ גאַנצן טאָג גענייט. גרויסע טראָפּנס שוויים זענען גערונען פון מיין שטערן. שפּעט פאַר נאַכט, ווען איך האָב אַוועק־געלייגט די נאָדל פון מיין האַנט, האָב איך פּלוצים דער־זען, אַז די נאָדל איז פון גינגאָלד...

— נאָר וויל, מיין קינד, דאָס איז אַ חלום פון אַ שניי־דער! אַזוי דאַרף חלומען יעדער קינד, וואָס וויל זיך אויסלערנען שניידעריי.

נאָך דעם איינעם טאָג האָט דער שניידער צוגע־נומען דעם יתום פאַר אַ לערניינגל.

# דער עלטסטער פון שטאָט און דער אָרעמער סטאָליער

אַמאָל איז אין אַ שטאָט געקומען אַ נייער עלטס־טער, דער הויפּט פון שטאָט. ער איז געווען זייער אַ גוּ־טער און אַ קלוגער. ער האָט געמאַכט אַ גרויסע שמחה פאַר די נייע איינוווינער, און געלאָזט אויסרופן, אַז ווער עס וויל קען קומען צו דער שמחה. זענען געקומען אַ סך מענטשן. אַלע האָבן געבראַכט מתנות. מ'האָט גע־בראַכט זילבערנע און גאָלדענע זאַכן. מ'האָט געבראַכט דימענטענע און בריליאַנטענע זאַכן. די שענסטע מתנות!

אין שטאָט האָט געוווינט אַן אָרעמער סטאָליער, וואָס האָט אויך געוואָלט גיין צו דער שמחה און ברענ־גען אַ מתנה. האָט ער געבראַכט דעם הייבן באַאַמטן אַ מתנה אַ בענקל, זייער אַ שיין, קאַלירפול און פיין־אויסגעשניצט בענקל. דער שטאָט־באַאַמטער איז גע־זעסן ביים טיש אויבן־אָן, און האָט געזען די מתנות, וואָס די מענטשן האָט געבראַכט, און האָט זיך נאָכגע־פרעגט אויף די מענטשן, ווער זיי זענען. פּלוצים האָט ער צונערופן צו זיך דעם אָרעמען סטאָליער און געזאָגט:

— אַ דאַנק דיר, ליבער מענטש, פאַר דיין מתנה. זעץ זיך אַוועק לעבן מיר.

האָבן אַלע נעסט זיך געוווּנדערט: וואָס איז דאָס? איניקע האָבן געבראַכט גאָלד און זילבער, און דימענטן און בריליאַנטן, און זיי זיצן נישט אויבן־אָן, און דער אָרעמער סטאָליער האָט געבראַכט אַ בענקל, און דער

עלטסטער האָט אים אַװעקגעזעצט אױבן־אָן לעבן זיך.
האָט אײנער שטילערהײט אַ פרעג געטון דעם עלטסטן, פאַרװאָס ער האָט אַזױ געטון.
— איך זע, אַז איר װוּנדערט זיך, — האָט דער שטאָט־הױפּט זיך אױפגעהױבן און גערעדט צו די מענטשן.—װעל איך אײך אַלײן דערקלערן: איר, מענטשן, גיט דאָס, װאָס איר האָט. איר האָט געלד און זילבער, דימענטן און בריליאַנטן, גיט איר דאָס מיר אַ מתנה. אָבער אָט דער ליבער מענטש, דער אָרעמער סטאָליער, האָט אין זײן מתנה אַרײנגעלײגט אַ סך געלט, װאָס ער האָט נישט. ער האָט מסתּם געדאַרפט לײען געלט. ער האָט אױף דער מתנה אױך שװער געאַרבעט מיט די אײגענע הענט, און איר האָט אײערע מתנות אַלײן נישט געמאַכט. דערפאַר איז מיר זײן מתנה ליבער פון אַלעמענס.
און נאָך דער שׂמחה האָט דער אָרעמער סטאָליער נעקראָגן פון דעם שטאָט־הױפּט רײכע מתנות, און מיט זײער אַ פרײלעך האַרץ איז ער געגאַנגען אַהײם.



# װוּ נעמט מען ברױט?

אײן מאָל פרעגט דער לערער בײ שימעלען:
— שימעלע, װוּ נעמט מען ברױט?
— בײם בעקער.
— און דער בעקער װוּ נעמט?
— איך װײס נישט.
— הער, שימעלע, װעל איך דיר דערצײלן: אײן מאָל

אין אַ שײנעם פֿרימאָרגן איז אַרױסגעגאַנגען אַ פּױער אױפֿן פֿעלד און צעגראָבן די ערד. גענומען קערנדלעך אַ פֿולע האַנט, געזײט און געזאָגט:

זײ, פֿאַרזײ מזל, גליק.
מאַמע נעמט, ניט צוריק.

װענען אַרױסגעגאַנגען קלײנע קינדערלעך און גע־זונגען:

נאָט, גאָט, גיב אַ רעגן
פֿאַר די קלײנע קינדערס װעגן.

איז באַלד געװאָרן װאָלקנדיק, און אַ ליבער רעגן איז געגאַנגען און אָנגעטרונקען די ערד.

װענען אױסגעװאַקסן פֿון דער ערד שײנע, הױכע, גילדערנע זאַנגען. איז אַרױסגעגאַנגען דער פּױער מיט אַ בלישטשענדיקן סערפּ, אַ פּאָך געטון מיטן סערפּ קעגן דער זון, אַ קלונג געטון מיט אים אין אַ שטײן — אַ פֿונק, אַ בלײן! און דער פּױער האָט גענומען שנײַדן די זאַנגען.

נאָך דעם, אַז די זאַנגען װענען טרוקן געװאָרן, האָט ער גענומען אַ דרעשער, געקלאַפּט אין די זאַנגען און אַרױסגעקלאַפּט פֿון שטרױ אַלע קערנדלעך.

האָט דער פּױער צונױפֿגענומען אַלע קערנדלעך און זײ אָװעקגעפֿירט אין מיל אַרײן. דאָרטן האָט דער מילנער זײ געמאָלן און געזונגען:

מילעכל, מילעכל! מאָל און מאָל!
גיב מיר, מילעכל, מעל אָן צאָל.

האָט גענומען דער בעקער דאָס מעל, אַרײנגעגאָסן װאַסער, געקנאָטן, ביז ער האָט אױסגעקנאָטן דאָס טײג.

ער האָט איינגעהיצט דעם אויוון, אַריינגעזעצט די ברויטן אַהין און געזונגען:

בריט אין אויוון, ברויט אין אויוון,
באַקט זיך האָרט נאָך אויס.
און פון דאָרטן, און פון דאָרטן
פאַרטיק קומט אַרויס!

אין שיטעלעך געפעלן געוואָרן דאָס מעשהלע, ער האָט זיך עס גוט אויסגעלערנט און אַליין דערציילט.



# אַ שניידער און אַ פּראָפעסער

מיין ברודער עליע און זיין חבר פיניע ארבעטן אין צוויי באַזונדערע פאַבריקן. איינער איז אַ שניידער, דער צווייטער איז אַ פרעסער. אַ שניידער דאַרף נישט נייען מיט די הענט, ער שטעפּט אויף דער מאַשין. דאָס דאַרף מען אָבער אויך קענען. עס שטעפּט זיך נישט אַליין.

ווי אַזוי האָט זיך מיין ברודער עליע אויסגעלערנט שטעפּן? מען האָט אים געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין הין און צוריק עטלעכע מאָל און איז געוואָרן אַ שניידער. אויף מאָרגן האָט ער שוין געשטעפּט.

פיניען האָט מען אויך אוועקגעזעצט ביי דער מאַשין, ווי עליען. מען האָט אים אויך געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין הין און צוריק מיט דער מאַשין. נאָר ער אָבער אַליין כאַפּנדיק. האָט זיך געטראָפן מיט אים אַן אומגליק — ער האָט אין

אילעניש פאַרמשפּעט דעם לינקן אַרבל פון וועסטל צו דער מאַ־
שין. אַ גליק כאַטש, וואָס נישט די האַנט. ווייוויי, וואָס מען האָט
זיך אָנגעלאָכט פון אים!

פּיניע גייט אַוועק אין אַן אַנדער פאַבריק און שטעלט זיך
דאָרט פאַר אַ פּרעסער. אַן אָנטערפּרעסער דערווייל. אַז ער וועט
זיך אויסלערנען די אַרבעט, וועט ער גיין העכער און העכער. דער־
ווייל ווערט נאָך פּיניע גוט פאַרשוואַרצט און אַלץ איבער זיין טבע,
וואָס ער האָט ליב אַלץ צו טון כאַפּנדיק. ער קומט אַלע טאָג אַהיים
אַ צעבריטער.

איין מאָל איז ער געקומען מיט אַ צעקאַליעטשעטער נאָז. וואָס
איז די מעשה? ער האָט זיך ביים פּרעסן אָפּגעבריט די נאָז. ווי
קומט דאָס פּרעסל צו זיין נאָז? לאָזט זיך אויס, אַז פּיניע האָט גאָר
געזוכט אַ שטיקל אַרבעט, האָט ער זיך אָנגעבויגן האַרט צום טיש
און געכאַפּט מיטן שפּיץ נאָז אויפן אָנגעגליטן פּרעסל.

נאָר פּיניע איז אַ מענטש, וואָס זאָרגט נישט. מיט דער צייט
וועט ער זיך אויסלערנען און וועט גיין העכער און העכער.



# מיר גראָבן אַ ברונעם

די זון איז שוין געווען גענוג הויך, האָבן מיר זיך געלאָזט אין
וועג אַריין. אַ טוּצן מאַן זענען מיר געגאַנגען, באַלאָדן מיט לאָפּע־
טעס, גראָבאייזנס און האַמערס. מיר זענען געגאַנגען גראָבן אַ
ברונעם.

דער וועג איז געווען זאַמדיק און שווער — באַרג אַראָפּ, באַרג
אַרויף. אַ שווייס האָט אונדז אינגאַנצן באַגאָסן. אַ שעה צייט זע־

זען מיר אזוי געגאנגענע, ביז מיר זענען צוגעקומען צופוסנס פון א בארג. דא זועלן מיר טון אונזער ארבעט.

פון מזרח־זייט זענען זיך די וויסטע בערג פון יהודה, מיט זייע־רע נאקעטע פעלדזן־שטיינער.

פון מערב־זייט — א בלויער פאס, וואס גיסט זיך צוזאמען מיטן ברעג הימל — דאס איז דער ים.

און העט ווייט אוועק, אנטקעגן אונדז, שפרייטן זיך אויס בליענדיקע גערטנער, ביז צום סאמע עק האריזאנט.

מיר האבן אראפגעווארפן פון זיך דאס געצייג, אויסגעטון די שיך, די מלבושים, און מיר זענען געבליבן שטיין בארוועס און אין די בלויזע העמדער.

מיט געלעכטער און מיט באוואונדערונג האט איינער באטראכט דעם אנדערן.

מיר האבן גענומען א משוואק און אים ארייגעהאקט אין דר׳ערד. צום משוואק האבן מיר צוגעבונדן א שטאנג און אנגע־צייכנט אויף דער ערד ארום אונדז א גרויסן קרייז.

גלייך האבן מיר זיך גענומען צו די גראבאייזנס. די פארהאר־טעוועטע ערד האט זיך געקרישלט שטיק נאך שטיק. דער אנגע־צייכנטער קרייז איז געווארן טיפער. און אונדזערע גראבאייזנס האבן זיך אפגעשלאגן אין דעם שטיינערדיקן באדן און אפגעהילכט ווייט־ווייט ארום.

מיר גראבן א ברונעם!

אונדזערע הענט, וואס האבן קיינמאל נישט געהאלטן קיין אר־בעטס־געצייג, באוועגן זיך ארויף און אראפ מיט קראפט און מיט איינגעשפארטקייט. די פרייד פון דער ארבעט ווערט וואס אמאל גרעסער. און מיר ארבעטן אלץ מיט מער חשק — וואסער וועט זיין!

שול ־ בּיבליאָטעק

די קײשלעך פּילן זיך אָן גיך מיט דער אײַסגעגראָבענער ערד
און זײ פליִען אַרױף פון האַנט צו האַנט.

מיר גראָבן װאָס אַמאָל טיפער און טיפער, און דערװײַל איז
אַרום אונדז אױסגעװאַקסן אַ באַרג מיט פרישער ערד.

מיר אַרבעטן מיט פרייד.

קײנער פילט נישט, װי די זון ברענט און גליט איבער אונ־
דזערע קעפּ.

קײנער פילט נישט דעם שװײס, װאָס גיסט זיך פון אונדזערע
פּנימער.

קײנער באַמערקט אפילו נישט די בלאָזן, װאָס גײען אױף אױף
די פינגער...

דער באַרג אױסגעגראָבענע ערד װאַקסט װאָס אַמאָל העכער.
די ערד װערט װאָס אַמאָל נאַסער. באַלד װעט אַ שלאָג טון אַ קאַל־
טער און אַ פרישער קװאַל, װאָס װעט אָפּפרישן אונדזערע לײַבער
און די גאַנצע געגנט אַרום.

באַלד-װעט זײַן װאַסער!



# בעלי - מלאָכות



בין איך מיר אַ שניידערל,
רופט מען מיר רעב נאָדל;
צי איך מיר אַזוי אַריין
אַ פאָדעם אין אַ נאָדל.
כ׳מאַך אין עק אַ קניפּעלע —
ניי אַון ניי כסדר;
אַט אַזוי און אַט אַזוי
ניי איך מיר די קליידער.

טורייי־דיי!
טורייי־דיי!

ניי איך מיר די קליידער.

בין איך מיר אַ שוסטערל,
רופט מען מיר רעב מיכל;

נעם איך מיר אַזוי דעם אָל
און שטעך אַריין אין שיכל.
ווערט אין זויל אַ לעכעלע,
שטעק אַריין אַ טשוועקל
אַט אַזוי און אַט אַזוי
קלאַפּ איך מיטן העקל.

קלאַפּ און קלאַפּ!
קלאַפּ און קלאַפּ!

קלאַפּ איך מיטן העקל.

בין איך מיר אַ בעקערל,
רופט מען מיך רעב לעמל;
קנעט איך מיר דאָס טייג נוט אוים
און שנייד דאָס ברויט און זעמל.
כ׳לייג זיי אויף דער לאָפּעטע,
געשוואָלענע פון הייזון;
אַט אַזוי און אַט אַזוי
רוק איך זיי אין אויוון.

באַלד אַריין
און באַלד אַרוים

הין און צוריק פון אויוון.

# דער פילאָזאָף און דער פויער



אַן אַלטער געלערנטער, אַ פילאָזאָף, האָט געדאַרפט אַמאָל אַריבערשווימען אַ טייך. האָט ער געדונגען אַ פויער מיט אַ זעגל-שיפל.

דער טאָג איז געווען שיין, דער הימל לויטער און דער טייך בלוי. וואָס-זשע האָט דער פילאָזאָף מורא? גאַרנישט.

פאָרן אַזוי דער פילאָזאָף און דער פויער אויפן שיפל. און דאָס שיפל גליטשט זיך שטיל, אַ מחיה. דער פילאָזאָף קוקט אויפן הימל און דער פויער — אין וואַסער.

כאַפּט דער פילאָזאָף צום פויער:

— פילאָזאָפיע קענסטו?

דער פויער האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס. זאָגט ער איינפאַך: ניין.

— אויב דו קענסט נישט, פויערל, קיין פילאָזאָפיע, — זאָגט דער פילאָזאָף — האָסטו אַ העלפט פון דיין לעבן פאַרלוירן. אַ שאָד!

— און מאַטעמאַטיק ווייסטו אויך נישט?

— ניין, — זאָגט דאָס פויערל פאַרשעמט.

— איי, איי, — זאָגט דער פילאָזאָף — און געשיכטע מסתמא קענסטו אויך נישט, — האָסטו דריי פערטל פון דיין לעבן, ברודערל, פאַרלוירן.

דערווייל האָט דער הימל גענומען זיך איינוויקלען אין וואָלקנס אין די זון האָט זיך ווו באַהאַלטן. ס׳איז געוואָרן פינצטערער און פינצטערער. אַ שטאַרקער ווינט האָט גענומען יאָגן פון יענער זייט, ווו די זון איז אונטערגעגאַנגען. דאָס שיפל איז געשפרונגען פון איין כוואַליע אויף דער צווייטער. אָט וועט דער ווינט עס איבערקערן.

דער פילאָזאָף איז געזעסן און האָט זיך אָנגעהאַלטן בײַם מאַנטל פונעם פייער און האָט שטיל געמורמלט אַ תפילה.

— שווימען קענט איר? — האָט איינפאַך געפרעגט דער פייער בײַם פילאָזאָף.

— ניין, — ענטפערט דער געלערנטער דערשראָקן.

— האָט איר דאָס גאַנצע לעבן פאַרלוירן, הער פילאָזאָף, — האָט רואיק געענטפערט דער פייער.



# אויסגאבן פון דער
# צווישא אין ארגענטינע

## ביז איצט דערשינען:

חיים פינקעלשטיין: אנאליטישע לערן־פראגראם (פאר א וועלטלעכער סיקער צונאב־שול) 1943

100 לידער מיט מוזיק (פאר שול און היים), 1947

שול־בלעטער (אויסגאבע פון דער צווישא פאר שול־פראגן), 6 נומערן

צווישא־ידיעות (אינפארמאציאנעער בולעטין פון דער צווישא און שלום עליכם־שולן), 5 נומערן

## שול - ביבליאטעק:

אין נעסט — — — — — — — העפט 1
" — — — — — — — " 2
יידן אין ארגענטינע — — — — — " 1
ארץ ישראל — — — — — — " 1
" — — — — — — — " 2
י. ל. פרץ — — — — — — " 1
" — — — — — — — " 2
אין נעסט — — — — — — (צווייטע אויפלאגע)
ארץ ישראל — — — — — " "
יידן אין ארגענטינע — — — " "

מאי זרבבל: קליינע העלדן
(אקטועלע מעשהלעך פון ישראל)

דאס וואנדערלעכע פייפל
(מעשהלעך וועגן ליבע און חברשאפט)

אין ערגעץ־לאנד
(מעשהלעך וועגן ארבעט און שאפן)

## דערשיינט אינגיכן:

קעהאס קליגער: ברויט מיט חלום
(לידער פאר קינדער)

BIBLIOTECA ESCOLAR

# *En el País de Jauja*

(CUENTOS SOBRE EL TRABAJO)



**Editado por la Organización de**

Escuelas Laicas Israelitas "ZWISCHO"

**ESCUELAS SCHOLEM ALEIJEM**

SERRANO 341

**Talleres Gráficos HEUMAN — Pasteur 333 — T. E. 47 - 7752 — Bs. As.**